No 1. פרייז 2 סענט.

מיין

# אידישער אוצר

ערשיינט צוויי מאָל אין חודש

לעזעשטאף פאר אידישע קלאבס, אידישע שולען און תלמוד תורה'ס.



י"ג אדר ב' תרע"ט.

אינהאלט:

1 פורים
2 א פורים ליעד
3 שלוה מנות
4 נחת פון קינדער.

ארויסגעגעבען פון

# 1. פורים

מעהר פון אלע ימים טובים האב איך ליעב צו הערען, ווי דער לעהרער דערצעהלט אונז די געשיכטע פון פורים. די געשיכטע אליין איז טאקע זעהר א שעהנע: אז המן, וועלכער האט געוואלט אומברייננען אלע אידען און אויפהיינגען מרדכי'ן, אסתר'ס שוועסטער קינד, דערפאר, וואס ער האט זיך צו איהם ניט גע־וואלט בוקען, איז געווארען אויס פריץ; ער האט אליין געמוזט מרדכי'ן אפגעבען כבוד. מרדכי איז געווארען א שני למלך, דער צווייטער פון קיסר, און האט געטהון פיעל גוטס אידען; המן מיט אלע זיינע קינדער זענען אויפגעהאנגען געווארען. דער עיקר איז מיר

געפעלען, וואס די הילף אויף אידען איז געקומען
דורך אסתר המלכה. איך פיהל בשעת מעשה
אין זיך אביסעל גאוה ווען דער לעהרער זאגט,
אז די מגילה הערען, בעדארפען פרויען גלייך
מיט מענער, ווייל די הילף איז געווען דורך א
פרוי. פורים מעג מען טהון ארביים, וועלכע
אין אנדערע ימים טובים טאר מען נים, ער
הייסט נאר א האלבער יום טוב; דערפאר
אבער פערברייננגט מען איהם זעהר פרעהליך.
אין שוהל איז א גרויסע שמחה ביי די קליינע
קינדערליך ווען זיי קלאפען מיט זייערע גראג־
גערס המנ׳ען. אין שטוב קומט אן אלע ווייל'ע
שלוח מנות פון גוטע פריינד. פארנאכט צו
דער סעודה קומען זיך צונויף אלע פריינד און
גוטע פריינד. עס ווערט אין שטוב פרעהליך.
דער טאטע זאגט אלעם מיט א קרעכץ: „המן׳ס
איז דא אויף אידען אלע צייט“. זאג איך צו

איהם: אבער אזא אסתר המלכה האבען מיר ניט אלע צייט, און ווער ווייסט, אפשר וועלען מיר נאך דאס אויך דערלעבען". צולאכט ער זיך. אויף מארגען שושן פורים איז שוין ביי אונז וואכענדיג: מיר מאכען א יום טוב אין דעם אנדענקונג וואס האט געטראפען אלע אידען — זאגט דער טאטע — דאס אבער וואס עס האט געטראפען אין איין שטאדט שושן איז גענוג אז מען דערמאנט אביסעל. איך געדיינק אלע מאל אז דער פיערצעהנטער אדר איז פורים, און דער פופצעהנטער איז שושן פורים.



## 2. א פורים ליעד

---

1.

היינט איז פורים ברידער, ס'איז דער יום טוב גרוים!

לאמיר זינגען לידער, געהן פון הויז צו הויז;

לאך מרדכ'לי לאך, א יום טוב'ל מאד!

קינדם קינדער געדענקען דעם נס,

זינגט ברידערליך זינגט, טאנצט פרעהליך און שפרינגט,

דעם טהייערען טאג נישט פארגעסט.

2.

המן איז א רשע, דאס ווייסט יעדער איד,

אבער גאט, נישטקשה, שווייגט דעם רשע ניט.

ווארט המנ'קע, ווארט, דו זיי ניט גענארט.

א נס האט געטהון מיט אונז גאט,

זינגט ברידערליך זינגט, טאנצט פרעהליך און שפרינגט,

מאכט קידערליך גרעסער דעם ראד.

---

## 3. שלוח מנות

---

ווי ס'קומט דער ליעבער פורים איז ביי מיר די גרעסטע שמחה. איך שלאָג המנ'ען, איך שלעפּ המן־טאשען ביי דער מאמען, איך לויף נאָך די פורים־שפּיעלער און שיק שלוח מנות צו אלע מיינע חברים. חיים ברוך'ן שיק איך א קישעלע מיט א מאנדעלע, שיקט ער מיר אָפּ א מאנדעלע מיט א קישעלע. אשר יונה'ן שיק איך א פידעלע מיט א צימבעלע, שיקט ער מיר אָפּ א צימבעלע מיט א פידעלע. אברהם־יאנקלין שיק איך א סדור'ל מיט א זייגעריל, שיקט ער מיר אָפּ א זייגעריל מיט א סדור'ל. – וועלכער אינגעלע ס'שיקט מיר ניט באַלד אָפּ קיין שלוח מנות — וואס זשע טהו איך א שטייגער? — לויף איך צו איהם, במחילה, אליין אהיים, און נעם אָפּ מיין שלוח מנות כפל כפלים.

א כלל, קינדערליך, ס'איז ששון ושמחה אין שטעדטיל, און מיר חברה געוועלטיגען אים פורים אויפ'ן העכסטען אופן.



## 4. נחת פון קינדער

---

קיין נגיד הערט איהר, בין איך ניט, נאר נחת פון קינדער האב איך ברוך השם מעהר פונ'ם גרעסטען נגיד!

ביי מיר, הערט איהר, אז ס'קומט א יום טוב און ס'קומען זיך צונויף אלע קינדער קיין עין־הרע, זון און טעכטער, שנור און איידעמס מיט אלע אייניקליך — ווער איז צו מיר גלייך? למשל נעמט פורים צו דער סעודה. וואס פאר א טעם, פרעגט איך אייך, האט א סעודה, אז מען זעצט זיך צום טיש איינער אליין מיט'ן ווייב און מע עסט? נו שטעלט אייך פאר אז איך האב שוין אבגעגעסען די פיש מיט דער יוך, לאקשען, צימעס, דאס יענעס — נו וואס? בלאטע שבבלאטע! א פערד להבדיל עסט אויך. א מענש איז דאך אבער נישט קיין פערד. ובפרט א איד. ובפרט יום־טוב. קודם כל די קינדער קיין עין־הרע, אכט האב איך, זאלען געזונד זיין, אלע אויסגעגעבענע. היינט אייניקליך, לעבען זאלען זיי! איהר זאלט זעהן ביי מיר אייניקליך — אלע געראטענע, איינס שעהנער פונ'ם אנדערען, אין זייערע פנים'ער נישט ארייננצוקוקען! איך זאג אייך אנטיק־

ליד! היינט ווי אזוי לערנען זיי! טאמער ווילט איהר א בלאט גמרא — איז, א בלאט גמרא אויסווייניג. פון חומש מיט רש"י, מיט תנ"ך, מיט דקדוק, מיט אלע איבעריגע היינטיגע שאלעמויזען שמועסט מען נים. זייער לייענען, זייער שרייבען העברעאיש און אידיש און ענגליש און און און...

אז איד דארף אמאל א בריוועל איבערלייענען, אז אדרעס אנשרייבען, צו וואס, ווערט א מלחמה: „זיידעניו, אט וועל איך! זיידעניו, אט וועל איך"! אי וואס, איהר וועט פרעגען פרנסה? איז דא א גרויסער נאט! ער פיהרט אוים — אמאל אזוי, אמאל אזוי. אמאל בעסער, אמאל ערגער — מע מוטשעט זיך און מע קומט דורך מיט'ן יאהר. אבי געזונד. ווי זאגט איהר, קיין צרות איז מען נים זישעדניע.

